נ. אגניווצעוו



# אַ גלעזל טיי

„קינדער-פריינד", וואַרשע

העי, ווי זיצסטו יאַטל, העי!

גיסט דאָך אויס די גאַנצע טיי!

און דו ווייסט נישט,

אַז קעדיי

דו זאָלסט קענען טרינקען טיי,

ווערט אין כינע אָנהייב מאַי

אַ געלויף, אַ פילדעריי

און כינעזעלעך

ווי די העזעלעך

נאָכאַנאַנד זיי יאָגן זיך,

איבער כינע טראָגן זיך.

דאָ און דאָרט,

ווּ אַן אָרט,

ווּ עס וואַקסן שטרויכער טיי,

לויפן לײַט,

כינע־לײַט,

און ביז הייזעריק מען שרײַט,





און מען רײַסט די בלעטער טיי,
און מען פּוצט און טריקנט זיי,
און אין קערב, געפלאָכטן פֿײַן
שיט מען זיי דערנאָך אַרײַן.
און דערנאָך איז איינס און צוויי,
פֿלינק אויף טעפּעכער פֿון שטרוי
שיט מען בלעטער און צעשיט
און מען זיצט און מען היט

אַ שאָקצווייַ, אַ שאָ דרייַ, —
פוסט און פּאַס, פראַנק און פרייַ,
אויסגעגלייַכט דעם רוקן,
ביז זיי ווערן טרוקן.

און אַז ס׳זענען גרייט די בּלעטער
דעקט מען צו זיי דאַן מיט ברעטער
און מיט פיס
אַלט און יונג
איבער ברעטער
שפרינג־שפרונג,
שפרינג־שפרונג,
פרעסט מיט קראַפט,
עס זאָל רינען
זייער זאַפט.

און אַז אײנע װערן מיד
לױפן שױן מיט פלינקע טריט
אַנדערע אױף זײער אָרט
און מען נעמט זיך שפּרינגען דאָרט
טאָפּ־טאָפּ,
טאָפּ־טאָפּ,
לױפן פיס
אַרױף־אַראָפּ.
כעװרע שפּרינגט אין דער הײך,
אַז עס גײט אַ רױך.
לעבעדיק

און אַז ס'זענען בלעטער פעסט
אונטער ברעטער אױסגעפּרעסט,
דעקט מען זײ מיט לײַװנט צו
און מען לאָזט זײ דאָן צו רו.
איצט שװיצט
איצט רוט!
אונדזער טײ
זאָל שמעקן גוט!



נעמט זיך דאַן דער עלטסטער מײַסטער –

און ווי טײ צו זיפּן ווייסט ער –

דורך אַ זיפּ

שיט און זיפּ,

זיפּט ער אָט אַזוי

און אָט אַזוי,

ס'זאָל נישט טרעפן זיך אין טײ

נישט קיין מיסט און נישט קיין שטרוי,

ניִשט קיין שטויב,

ניִשט קיין גלאָז,

ניִשט קיין זאַמד,

ניִשט קיין גראָז.

זאָלן פלאַטערלעך און בינען,

זאָלן פליגעלעך און שפינען

אין דעם טיי זיך ניִשט געפינען,

זיך אין גלאָז בײַ אונדז ניִשט באָדן

און ניִשט ברענגען אונדז קיין שאָדן.



און אין אַלע עקן וועלט
צוליב נויט און צוליב געלט
לאָזן זיך כינעזער לויפן
פודנווײַז דעם טיי פאַרקויפן
אײַ-אײַ,
סאַראַ טיי!
שמעקנדיקער טיי פון כינע,
בעסטער טיי אין דער מעדינע!
כ'וואָלט אַליין אים טרינקען כלעבן
דאַרף מען אָבער געלט צום לעבן!



נאָר די סאָכרים זענען קאַרג

און מען דינגט זיך זייער שטאַרק.

און מען נאַרט כינעזער אָפּ

פֿון די פּיס ביזן קאָפּ.

און אין קערב, ס'זאָל שמעקן פֿיַין

לייגט מען רויזן נאָך אַרײַן.



העי, רעכטס!
העי, לינקס!
פלינק, פלינק,
ווינט, שטופּ!
בול־בול
כלופּ־כלאַפּ!
העי, זע,
אויפן טײַך

שווימען גלײַך
אין דער ווײַט
כינע־לײַט
אויף שיפלעך דרײַ.
און אויף זיי
פירט מען טיי
אין שאַנכאַי.

פון שאַנכאַי אין ים, דעם טיפן,

פירן טיי שוין דאַמפּער־שיפן,

פירן נאַכט און טאָג, באַגינען

גלײַך צום פּאָרט, צו גדיניע

שטייט די שיף צום ברעג שוין צו,

ליגט זי פעסט שוין אויפן אָרט

בײַ דעם פּאַרט

גדיניע.



און פון דאָרט דעם טיי פון שיף

פירט שוין אַ לאָקאָמאָטיוו

און ער סאָפּעט באַרג־אַרויף:

„אוף־אוף איף־אוף!"

אוז וואַגאָנעס אײַלן, אײַלן

איבער וויאָרסטן, איבער מײַלן.

טראַטאַ־טאַטאַ־רעדער קלאַפּן,

ווילן איינס דאָס צווייטע כאַפּן,

איבער שינעס, איבער גלאַטע,

טראַטאַ־טאַטאַ

טראַ־טאַ־טאַטאַ.

טראַ־טאַ־טאַטאַ

טאָג און נאַכט

און נאָך אַ טאָג.

וואָך און וואָך.

און נאָך אַ וואָך.



וואָכן צוויי און וואָכן דרײַ
זינגען רעדער: טיי! טיי!
טראַטאַ-טאַ-טאַ קלאַפּט מאַשין:
טיי פֿון כינע!
טיי פֿון כינע!

„הער נאָר קליינער,
זאָג נאָר מיר,
וואָס איז דאָרטן פֿאַר אַ שטאָט?
עפּעס דעכער אָן אַ שיר“...
— וו—אַ—ו—ש—ע!

אָט!
פש—פש—פש—פש...
אַרײַנגעפאָרן!

האָסט געמיינט, אַז טיי — איז טיי,
אויך מיר דאָרט אַ גרויסע זאַך!
איצטער זעסטו, אַז קעדיי
דו זאָלסט קאָנען טרינקען טיי
דאַרף מען אַרבעטן אַסאַך!

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

פרייז 30 גר. № 18. 25 LUTEGO 1936

„Kinder-Frajnd"

DWUTYGODNIK Wydanie B

Adres redakcji i administracji: Warszawa I, Miła 33 m. 24.

## דעם 15־טן מערץ 1936 — א יאר „קינדער־פריינד"



צוליבן דרוקער־שטרייק, וואָס האָט געדויערט ביזן 25־טן פעברואַר, דער־שיינען די היינטיקע אויסגאַבעס מיט א פאַרשפעטיקונג. דעריבער וועלן אויך די אויסגאַבעס נומ. 19 דערשיינען דעם 15־טן מערץ ה. י.